# די הייליגע קמיע

וואָס רבי ישראל בעש"ט האָט געגעבען דעם צדיק ר' דוד מקלייַעווער אייַצונעהען אין זיין קלוגע יאַרמאָלקע און זיא האָט איהם געראַטעוועט פון גרויסע צרות.

קופירט פון אלטע מאנוסקריפטען

דורך

## יהושע הלוי מזח.

פערלאַג פון בוכהאַנדלונג יצחק פונק ווילנא.

ווילנא — עת"ר

Ди гейлиге камэйе.

т. е. Святой талисманъ Соч. О. Мейзаха.

1910 г.

Вильна, типографія Ціонсона.

HARVARD UNIVERSITY LIBRARY

564

— ליבּער רבּי! — האָט דוד נעגנעבּען אַ געשריי. און מעהר האָט ער ניט געקאָנט רייּרען פון שרעק.

— דו וואונדערסט זיך דוד — האָט דעם בּעש"ט ווייטער גע־זאָגט — ווי אַזוי איז דאָס מעגליך אַזאַ זאַך. וועל איך דיר ערקלעהרען בּיכּטיג אַז דו וועסט זיך אַליין מודה זיין אַז איך האָבּ רעכט, די מעשה איז אַזוי געוועזען: מיט זיבּעציג יאָהר צוריק האָט אין דעם דאָרף — וואו דו בּינסט ערב יום כפּור דורכגעפאָהרען — געוואָהנט אַ יוד וואָס זיין נשמה איז פון דעם שרש פון דיין נשמה. ער איז געשטאָרבּען און זיין נשמה האָט בּעדאַרפט האָבּען אַ תיקון דורך דיין תפלה. די נשמה האָט זיבּעציג יאָהר געוואַרט אויף דיר אַז דו זאָלסט איהר מתקן זיין. דערפאַר האָבּען די ניין מענשען דיר גע־בּעטען דו זאָלסט דאָרטען בּלייבּען דאַוונען, אָבּער דו בּינסט פון דאָרטען אַנטלאָפען, האָט די נשמה קיין תיקון ניט, איז דאָס אַקוראַט ווי דו וואָלסט געהרג'ט אַ מענשען.

— רבּי! — האָט ר' דוד געפרעגט — אפשר קאָן איך נאָך אַציינד מתקן זיין?

— אויבּ דו וועסט מיר פאָלגען — האָט דער בּעש"ט גע־ענטפערט — וועסט דו דעם חטא מתקן זיין.

— וואָס איהר, רבּי, וועט מיר בּאַפעלען — האָט ר' דוד גיענטפערט — וועל איך אַלץ טהון.

— אויבּ אַזוי — האָט דער בּעש"ט נעזאָגט — מוסט דו אָפּריכטען גלות, זיין נע ונד, געהן פון שטאָדט צו שטאָדט וואו קיינער קאָן דיך ניט.

— פון וואַנען וועל איך לעבּען? — האָט ר' דוד געפרעגט — אין וועלכע שטאָדט דו וועסט קומען — האָט דער בּעל שם טוב גיענטפערט — וועסט דו זאָגען אַז דו בּינסט אַ קליינער

מגיד, דו וועסט זאָגען דרשות אין נגלה, אזעלכע דרשות וואָס אלע צוהערער זאָלען פערשטעהן, דערפון וועסט דו זיך מפרנס זיין און עס וועט דיר נאָך בלייבען א ביסעל געלד צו שיקען א היים.

— רבי! — האָט ר' דוד געפרעגט — ווי לאנג וועל איך דארפען זיין נע ונד?

איך גיב דיר א קמיע — האָט דער בעש"ט גיענטפערט — דו וועסט איהר איין נייען אין דיין יארמאָלקע אונטער דעם איבערשלאַק. און אז דו וועסט הערען א קול וואָס חעט זאָגען: ר' דוד וואָס שוויינסטו? דענסטמאָל וועסטו וויסען אז דו מעגסט געהן א היים, דו האָסט שוין אלץ מתקן געווען; די קמיע וועט דיר היטען פון אלע אונגליקען, די יארמאָלקע זאָלסטו אליין קיין מאָל ניט אויסטהון פון קאָפף. שיידען איינער וועט ביט דיר צו־נעהמען מיט געוואלד אָדער שטילערהיים.

---

ג.

ר' דוד האָט די קמיע איינגענייט אין זיין יארמאָלקע צווי־שען דעם איבערשלאַק און אונטערשלאַק אזוי ווי דער בעש"ם האָט איהם בעפוילען. דערצו האָט ער זיך אָנגעצויגען פהאָסטע קליידער, כדי קיינער זאָל איהם ערקענען. ווייל ער איז דענסט־מאָל שוין געווען א מפורסם פאַר א צדיק און פיל חסידים פלעגען פאָהרען צו איהם הערען תורה און פרעגען עצות. האָט ער דערפאַר אויסגעטהון זיינע ווייסע זיידענע קליידער אין האָט אָנגעטהון קליי־דער ווי א קליינער מגיד טראָגט. און איז צו פוס אַוועקגעגאנגען אין א וויימע לאנר נע ונד. אָפּריכטען גלות, מתקן צו זיין יענע נשמה.

א מאָל איז ער ביז נאַכט געקומען אין א דאָרף ער האָט אין

א נאַרישע קרעטשמע גענעכטיגט. דאָרטען זענען געווען עטליכע שכּורים, געטרונקען בראָנפֿען, וויזוי, די פּאַניצעס, האָבען איהם דערזעהן, האָבען זיי געוואָלט מאַכען פֿון איהם א שפּאַס, האָט איינער בײַ איהם אראָפּגעחאַפּט די יאַרמאָלקע און האָט אָנגעצויגען איף זיין קאָפּ אין יענעם אויגענבליק האָט דער שכּור אָנגעפֿאַנגען שרייען: געוואַלד! ראַטעוועט מיר די יאַרמאָלקע שטעכט מיר אין קאָפּ ווי הייסע שפּילקעס!

טהו אוים! — האָבען יענע שכּורים געזאָגט — וואַרף אַראָפּ פֿון קאָפּ.

איך קאָן ניט — האָט ער געשריען — האָט רחמנות!

די שכּורים האָבען געוואָלט אַראָפּנעהמען די יאַרמאָלקע פֿון זיין קאָפּ. האָבען זיי ניט געקאָנט, זי איז געווען אַזוי ווי איינגעוואַכסען אויף זיין קאָפּ. און ווער עס האָט זיך צו איהר צוגערירט האָט עס איהם געשטאָכען אין האַנד ווי שפּילקעס.

מיר — האָט יענער שכּור געשריען — געקמט פֿון מיר אַראָפּ די יאַרמאָלקע, איך ליידט דורך איהר גרויסע יסורים, האָט רחמנות און זענט מיך מוחל.

ר' דוד האָט אויף איהם רחמנות געהאַט און צוגענומען זיין יאַרמאָלקע, און איך באַלד פֿון דאָרטען אוועקגעגאַנגען, ווייטער, קיינער זאָל ניט וויסען ווער ער איז.

דאָס איז א קלוגע יאַרמאָלקע — האָבען די שכּורים געזאָגט — זי שטעכט אַזוי ווי הייסע שפּילקעס.

צוויי טעג א האַלבען יאָהר איז ר' דוד אַרומגעגאַנגען נע ונד, ער האָט קיין מנוחה געהאַט בּיז ער איז א מאָל געקומען אין דער שטאָדט סלאָנים.

ער איז אַרײַנגעפֿאָהרען צום פּרנס חדש און האָט געזאָגט דאָס ער איז אַ קלײנער מגיד.

אין יענער צײַט איז געװען דער מנהג אין סלאָנים אַז עס פֿלעגט קומען דאָרטען אַ מגיד איז ער אײנגעשטאַנען בײַ דעם פּרנס חדש.

ר׳ דוד איז דאָנערשטאָג געקומען צום פּרנס חדש, האָט איהם דער פּ״ת צוגענומען מיט גרױס כבוד.

דער פּרנס חדש איז געװען אַ למדן און האָט ליעב געהאַט צו הערען תּורה אַזעלכע װאָס ער האָט נאָך קײן מאָל ניט געהערט.

דער פּרנס חדש מיט ר׳ דוד׳ן האָבען אָפּגעגעסען מיטאָג, האָט דער פּרנס חדש געבעטען ר׳ דוד׳ן ער זאָל איהם זאָגען אַ נײַע תּורה פֿון זײַנע דרשות.

ר׳ דוד האָט איהם געזאָגט אַ שײנע טהײַערע שטיק תּורה װאָס דער פּרנס חדש איז דאָס געפֿעלען געװען.

— אײַערע תּורה — האָט דער פּרנס חדש געזאָגט — איז מיר זעהער געפֿעלען, דאַרום װעל איך אײַך געבען מײַן ערלױבניש צו דרשנ׳ען אין די גרױסע שול. װאָס דאָרטען װעט זײַן אַ גרױסער עולם.

איך דאַנק אײַך דערפֿאַר — האָט ר׳ דוד ניענטפֿערט — פֿאַר מיר איז גענוג דער בית המדרש.

— פֿאַר װאָס װילט איהר ניט דרש׳נען אין שול? — האָט דער פּרנס חדש געפֿרעגט.

— װײַל — האָט דוד גיענטפֿערט — עס קאָן זײַן אַז מאָרגען װעט קומען צו אײַך אַ גרױסער מגיד, װעט ער װעלען דרשנ׳ען אין שול.

(הסוף קומט)

דערוויל — האָט דער פ"ח געענטפערט — איז נאָך קיינער פון די בערימטע מגידים ניט געקומען.
ר' דוד האָט געשוויגען. קיין וואָרט געענטפערט.

# ד.

אין דער גרויסער שטאָדט מ. האָט געוואָהנט אַ מגיד, ער האָט געהאַט אַ געשליפענעם צונג אַ ריינע מויל, נור אַן אונריינע הארץ, ער איז געווען אַ גרויסער צביעק. און אַ חיטרער מענש, פיל גאָהרען האָט ער זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ירא שמים, ער האָט פיל שאַרפע מוסר געזאָגט פאַר דעם עולם, זיינע רייד פלעגען ווירקען אויף די צוהערער. אָבער אַליין איז ער געווען געראָטען אין א וועגוויזער פון האָלץ וואָס שטעהט אויף אַ קרייץ וועג און ווייזט די רייזענדע אויף וועלכע וועג צו געהן און אַליין שטעהט ער אויף איין אָרט . . . דער מגיד פלעגט אויך זאָגען דעם עולם ווי צו דינען גאָט און ווי צו געהן בדרך הישר, אָבער אַליין האָט ער געטהון פאַרקעהרט. פאַר איהם איז קיין מעשה ניט געווען צו שוועהר, ער האָט געהאַט אַ גרויסען יצר הרע וואָס אין אָנפאַנג האָט ער איהם אָנגערעדט צו זינדיגען, און נאָכדעם האָט דער יצר הרע נים געהאַט מיט איהם וואָס צו טהון. ווייל ער האָט געזינדיגט פיעל מעהר ווי אפילו דער יצר הרע פערלאַנגט, נור אַלס בסתר (אין געהיים), פאַר מענשען האָט ער געטראָגען אויף זיך א מאַסקע פון א גרויסען צדיק.

א מאָל האָט ער געוואָלט אַרויספאָהרען אויף דעם פראָווינץ שטעטלען געלד, ער האָט אָבער מורא געהאַט פילייכט וועלען זיינע בעלי בתים וואָס צאָהלען איהם שכירות, גיט וועלען ער זאָל אַרויספאָהרען, האָט ער שבת געזאָגט אַ גרויסע דרשה ווי אַזוי דער

יצר הרע איז אין איין פרט געגליכען צו א שונא וואס קומט מלחמה האלטען אויף א שטאדט, און אז די שטאדט לייט בעזיגען דעם פיינד, זיי טרייבען איהם אוועק פון שטאדט, בעגנוגנען זיי זיך דערמיט נִיט. ניר זיי יאגען נאך דעם שונא א ווייטע וועג ביז זיי פערניכטען איהם אין גאנצען. כך רבותי: האט דער מגיד געזאגט מיט התלהבות — פון אונזער שטאדט האב איך דעם יצר הרע ארויסגעטריבען. דאס איז אבער ווייניג, איך מוז איהם פערטיליגען פון אלע ארומיגע שטעדט. עס זאל פון איהם מער קיין שפור ניט בלייבען, דארום מוז איך מיך מיט אייך געזעגנען אויף א קורצע צייט, איך וועל פאהרען זוכען דעם יצר הרע אין סלאנים איך וועל איהם דארטען געווים געפינען. און פאר אייך וועט דאס זיין א גרויסע טובה, וויל איך וועל איהם זיינע ביינער צוברעכען און צונעהמען פון איהם זיין כח אז ער זאל מעהר צו אייך ניט קימען, בכן, רבותי. ווער עס וויל זיך מיט מיר געזעגנען, זאל מארגען קומען צו מיר א היים.

נאך אזא דרשה איז ניט געוועזן א פוצה פה ומצפצף. אלע האבען איהם ערלויבט צו פאהרען אין סלאנים: און ער איז אויף מארגען אוועקגעפאהרען.

פרייטאג נאך האלבען טאג, האבען די סלאנימער איינוואה־נער געהערט דאס דער מגיד פון מ. קומט צו זיי אויף שבת. די גאנצע שטאדט זענען ארויס געגאנגען פון שטאדט איהם מקבל פנים זיין, זיי האבען איהם געבראכט מיט גרוים כבוד צום פרנס חדש אין שטוב, און דער פרנס חדש האט איהם געבעטען ער זאל ביי איהם זיין שבת און וועט דרשנ'ן אין שול.

(הייליגע קסיע)

ה.

פּרײַטאָג צו נאַכט נאָכן דאַווענען האָבען זיך אַלע געזעצט אַרום טיש עסען,

דער מגיד פון מ. האָט געפרעגט דעם פּרנס חדש אויף ר׳ דוד׳ן: ווער ער איז? .

— דאָס איז אַ מגיד — האָט דער פּרנס חדש געענטפערט — ער האָט מיר איבערגעזאָגט עטליכע זאַכען פון זײַנע דרשות, זענען זײַ מיר זעהר געפעלען, ווען איהר וואָלט ניט אַהער געקומען, וואָלט איך איהם ערלויבט צו זאָגען אַ דרשה אין גרויסע שול. נור יעצט אַז איהר זענט געקומען, וועט ער זאָגען אין מיטען וואָך אין בית המדרש, אָדער ער וועט בלײַבען אויף דעם קומענדיגען שבת, איך וועט עס קיין שטערונג זײַן .

— אַזוי? — האָט שמואל (אַזוי איז געוועזען דער נאָמען פון גרויסען מגיד) געזאָגט צו דוד׳ן — דו בינסט אַ מגיד, זאָג מיר איבער פון דײַנע דרשות.

ר׳ דוד האָט געשוויגען. קיין וואָרט ניט געענטפערט. ער האָט איהם נור אָנגעקוקט. —

פאַר וואָס שווײַגסטו? — האָט שמואל געזאָגט מיט שטאָלץ — ווײַסטו דען ניט וואָס די חז״ל זאָגען: ווען אַ גרויסער מענש פער־לאַנגט אַ זאַך דאַרף מען זיך ניט לאָזען פיל בעטען, (אין מסרבין לגדול פסחים פ״ו ע״ב).

ר׳ דוד האָט פערשטאַנען חכמת הפּרצוף. ער האָט באַלד ערקאָנט אַז דער שמואל איז ניט דאָס וואָס אַ מגיד דאַרף זײַן. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון טיש און האָט געוואָלט אַוועקגעהן. האָט איהם שמואל אָנגעחאַפּט פאַר׳ן האַנד און מיט אַ טײַוועלשען געלעכטער האָט ער געזאָגט: אויב דו בינסט אַ מגיד זאָלסטו זאָגען

אַ תורה, אַ דבר חכמה, און אויב ניט וועסטו זיין גערעכנט ווי אַ פֿאַלשער מענטש אַ בעטריגער, וואָס וויל אָפּנאַרן פֿיל מענשען.

ר' דוד האָט געזאָגט אַ טיעפֿען ענין וואָס קיינער האָט ניט פֿערשטאַנען וואָס ער רעדט.

דער שטייגער פֿון דער וועלט איז: אַז יעדערער האַלט זיך קלוגער פֿאַר יענעם. און אַז ער הערט פֿון יענעם אַ טיעפֿען ענין וואָס ער פֿאַרשטעהט ניט וואָס יענער זאָגט, גלויבט ער אַז יענער פֿלוידערט.

דאָ איז אויך געוועזען די זעלביגע, ניט דער פּרנס חדש, ניט אַלע געסט אויך ניט שמואל האָבען פֿערשטאַנען וואָס ר' דוד האָט געזאָגט, האָבען זיי געמיינט אַז ער פֿלוידערט.

שמואל האָט זיך שטאַרק פֿונאַנדער געלאַכט בקול רם און האָט געזאָגט: מיר וואונדערט ניט אויף דעם מגיד'ל וואָס זיינע תורה האָט קיין טעם און קיין ריח ניט. ווייל ער קאָן בעסער ניט. איך האָב שוין אויף מיין לעבען געזעהן גרעסערע קונצן, ווי דער מגיד איז, פֿראָסטע גראָבע יונגען. יעדער איז אַנ'עם הארץ, נור מיר וואונדערט אויף דעם פּרנס חדש וואָס האָט מיר געזאָגט דאָס דער מגיד'ל האָט איהם געזאָגט גוטע תורה. וואו איז, פּרנס חדש, אייערע סבינות. אַזאַ מגיד דאַרף מען יאָגען מיט אַ שטעקען, ער זאָל קיין תקומה ניט האָבען, זאָל ער בעסער זיך אויסלערנען אַ מלאכה, ער איז נאָך אַ יונגער מאַן, אָדער אַרומפֿאָהרען עטליכע יאָהר מיט אַ גוטען מגיד זיך אויסלערנען גוטע הקשות ניט אַזעלכע תורה ווי ער האָט יעטצט געזאָגט.

ר' דוד איז געזעסען ביי דעם בר׳עג טיש, און האָט געשוויגען, קיינער האָט זיך מיט איהם ניט בעקימערט. און ער מיט קיינעם ניט, ער האָט קיין כבוד געוואָלט ניט געזוכט, דען ניט

(הילינע קמיע)

דאָס איז געווען זיין ציעל, ער האָט נור געטראַכט ווי דערלעבט מען שוין פטור צו ווערען פון ביטערען גלות, פון נע ונד זיין.

---

## ו.

שמואל האָט געוואָלט וויזען דעם אונטערשייד פון ר׳ דוד׳ן ביז איהם, האָט ער געזאָגט אַ שטיק תורה און מוסר. עס האָט אַלעמען געריהרט ביז טרערען.

רחל-לאה דעם פּרנס חרש׳ס ווייב האָט זיך געוויסט מיט אַ ווייסע טיכעל איהרע נאַסע אויגען. אין אָנפאַנג האָט זי געוויינט שטילערהייט, נאָכדעם האָט זי אָנגעפאַנגען חליפען מיט אַ גרויסען קול, אַז אַלע האָבען זיך ערשראָקען.

— אָט דאָס איז אַ מגיד — האָבען אַלע געזאָגט, ווען אַ מענש זאָל האָבען אַ האַרץ פון שטיין. מוז ער צוגיין פון גרויס געוויין. ער קאָן בעריהרען דעם לונג. ביי אַלט און יונג.

רחל-לאה איז געווען אַ יונגע פרוי, זעהר אַ שענע, אַ קלוגע און אַ פרומע.

לכבוד די טהייערע געסט האָט זי אַליין זיך בעשעפטיגט זיי צופרידען צושטעלען, זי האָט דערלאַנגט אויף דעם טיש גוטע שטאַרקע וויין און שנאַפּס מיט ביער, דער „עולם" האָט זיך ניט געפוילט צו טרינקען וואָס מעהר.

דער פּרנס חרש אַליין האָט זעהר פיל משקה געטרונקען, אַזוי ווי ער האָט געוואָלט דאָס אַלע געסט זאָלען טרינקען. האָט ער מיט יעדען בעזונדער געטרונקען. ביז ער האָט זיך זעהר שטאַרק אָנגעשכור׳ת און האָט זיצענדיג ביי דעם טיש איינגעשלאָ-פען, די רחל-לאה האָט איהם געוועקט, אָבער זי האָט איהם ניט געקאָנט אויפוועקען, אויך די געסט האָבען איהר געהאָלפען איהם

וועקן. אָבער זייער מיה איז געווען אומזאָנסט. נור אַזוי ווי זיי האָבען מורא געהאַט ער זאָל ניט אַראָפּפאַלען פון שטול האָבען זיי איהם גענומען אויף זייערע הענד. אוועקגעטראָגען איהם אויף זיין בעט; געלעגט איהם שלאָפען, ער איז געלעגען ווי אַ שטיין, פון קיין זאַך ניט געוואוסט.

דערווייל האָבען די ליכט אָנגעהויבען אויסצוגעהן די געסט האָבען זיך קוים אויפגעהויבען פון זייערע ערטער און זענען אוועקגעגאַנגען.

פאַר שמואל'ן דעם גרויסען מגיד האָט רחל-לאה אויסגעבעט אַ היפּשע בעט צום שלאָפען. זי האָט געוואָלט מאַכען אַ גוטען גע-לעגער פאַר ר' דוד'ן אויך. אָבער ער האָט ניט געוואָלט, ניט אַנדערש ווי שלאָפען אויף דער ערד, ער האָט געזאָגט דאָס זיין געוואָהנהייט איז צו ליגען אויף דער ערד, עס איז קיינעם ניט איינגעפאַלען צו קלערען אַז ער איז אַ גרויסער אמת'ר צדיק און ער שלאָפט אויף דער ערד ווייל ער ריכט אָפּ גלות.

די ליכט האָבען אויסגעברענט, און שטוב איז געוואָרען פינסטער: אַלע שלאָפען שטאַרק.

---

ז.

איינער פון די געסט האָט ניט געקאָנט שלאָפען. דאָס איז דער „גרויסער מגיד" שמואל. דער שענער פּנים פון רחל-לאה האָט איהם אין דער פינסטער געשיינט אין די אויגען.

דער יצר הרע פערבלענדעט די אויגען. ער רעדט אָן דעם מענשען צו טהון אַזאַ זאַך וואָס קאָן פאַר איהם ניט טויגען. דער מענש ווערט רוים. ער טהוט דאָס וואָס איז קרום. אויסצו-פיהרען אַ זינד, ווערט ער נאַרעש ווי אַ קליין קינד, און אַמאָל

ווי אַ רײַנער. (אין אָדם עוזר עבירה אלא א"כ נכנס בו רוח שטות סוטה ג).

שמואל האָט געזעהען דאָס אַלע אין שטוב שלאָפען, דער פּרנס חרש ליגט שכור ווי לוט, פינכטער איז דאָס, איז איהם אַרײַן אַ רוח שטות אַז ער וועט געהן אַ קוק געבען וואָס טהוט רחל-לאה...

זי האָט באַלד אויפגעוואַכט פון שלאָף, און אַזוי ווי זי האָט געוואוסט דאָס איהר מאַן איז שכור, ער קאָן זיך ניט ריהרען, האָט זי פערשטאַנען אַז דאָס איז ניט ער... האָט זי אָנגעפאַנגען שרײַען מיט אַלע איהרע קרעפטען: ווער איז דאָס? ווער שטערט מײַן רוהע?... שמואל האָט געשוויגען, קײַן וואָרט ניט געענטפערט, ער האָט געוואָלט ענטלויפען

רחל-לאה האָט בעמערקט אַז ער איז פיל שטאַרקער פאַר איהר. זי וועט איהם ניט קאָנען האַלטען ביז די הויז מענשען וועלען וואַך ווערען, האָט זי בײַ איהם זײַן יאַרמעלקע אַראָפּגע־ חאַפּט פון קאָפּ און האָט געשריען ווי הויך זי האָט געקאָנט, כדי די הויזלײַט זאָלען הערען און אויפשטעהן.

שמואל איז געגאַנגען שטילערהײַט צו ר' דוד'ן. ער האָט בײַ איהם אַראָפּגענומען זײַן יאַרמאָלקע פון קאָפּ און האָט זיך אָנגעטהון און האָט זיך געלעגט אויף זײַן געלעגער און האָט זיך געמאַכט שלאָפענדיג.

ר' דוד האָט ניט געהערט ווי שמואל האָט איהם אַראָפּגע־ נומען פון קאָפּ זײַן יאַרמאָלקע ווײַל זײַן מאָס צרות איז נאָך ניט פול געווען. איהם איז געוועזען בעשערט צו לײַדען נאָך אַ ביסעל יסורים עהדער ער ענדיגט די צײַט פון זײַן גלות, פאַר זײַן פאַהרען אַ היים.

(היילינע קסיע)

אויף איהר געשריי זענען אלע הויז־לייט אראפ פון זייערע געלעגער, זיי האבען זיך שטארק ערשראקען. איינער האט געמיינט אז גנבים רויבער זענען בעפאלען דאס הויז, איינער האט געמיינט עס ברענט, און איינער האט גערעכענט אז רחל־לאה'ן איז ניט גוט געווארען... שדים מאטערן איהר. זי האט מסתמא פאר־געסען צו לייענען קריאת שמע פאר'ן שלאף,

שמואל האט זיך געמאכט כלומר'שט ווי ער וואלט יעצט א יפשטעהן פון געשריי, ער איז אראפגעקראכען פון בעט און גע־שריען; שנעלער רופט אריין א גוי זאל ער אנצינדען פייער, וועט מען אפשר ערקענען דעם פערברעכער.

באלד האט איינער געבראכט א גוי, ער האט אנגעצינדען פייער, אלע האבען געזעהן ווי רחל־לאה האלט די יארמאלקע אין איהר האנד.

— דאס איז א גוטער עדות — האט שמואל געזאגט, לאמיר זוכען און זעהן ווער געהט אהן א יארמעלקע.

ר' דוד האט שטארק געשלאפען, ער האט פון קיין זאך ניט געוואוסט, ער האט אפילו דעם געשריי מיט דעם טומעל אויך ניט געהערט.

שמואל מיט דעם גוי וואס האט געהאלטען א ברענענדע ליכט אין האנד. זענען געגאנגען אין שטוב הין און הער זוכע וועמען פעהלט די יארמאלקע נאך זיי זענען געגאנגען די איבריג שטוב־לייט

— אט איז דער רשע! — האט שמואל געשריען ווי ע האט דערזעהן דוד'ן — אט ער ליגט אהן א יארמאלקע, ע מאכט זיך שלאפענדיג!

(דווילנע קסיע)

ר׳ דוד האָט באמת געשלאָפֿען, ער האָט די רייד פֿון שמואל׳ן אויך ניט געהערט.

שטיה אויף רשע, עוכר ישראל! — האָט שמואל געשריען — דיין גרויסען חטא זעהען שוין אלע קלאָהר, דו בינסט אין אונזערע הענד אריינגעפאלען, דו מוסט בעקומען דיין שטראָף.

אז שמואל האָט געזעהען דאָס ר׳ דוד שלאָפֿט ער ריהרט זיך ניט פֿון אָרט. האָט ער איהם געגעבען א בריק מיט זיין פֿוס, און געשריען הויך; רשע, שטעה אויף!!

ר׳ דוד האָט גיעפֿענט זיינע אויגען און געפֿרעגט: וואָס ווילט איהר פֿון מיר?

— ער מאכט זי גאָר ניט וויסענדיג — האָט שמואל געשריען — הערט נור זיין פֿראגע וואָס מיר ווילען פֿון איהם. בשרה נשמה! שטעל זיך נור אויף דיינע טרפה פיסעלעך. מיר וועלען דיר, צדיק תמים שוין זאָגען וואָס מיר ווילען פֿון דיר.

ר׳ דוד האָט זיך געשטעלט און געקוקט פֿון אלע זייטען, ער האָט ניט געוואוסט צו איהם הלומ׳ת זיך דאָס, אָדער די שטוב מענשען ווילען מאכען פֿון איהם שפאס, אָדער זיי זענען משוגע געוואָרען. און אפשר — האָט ער זיך געטראכט — האָט ער וואָס גערעדט פֿון שלאָף. און אפשר זענען דאָס מלאכי חבלה פֿארשטעלט ווי מענשען ווילען איהם בעשטראָפען פֿאר דעם חטא וואָס ער איז דענסטמאָל ניט געבליבען אין דאָרף צום מנין מתקן צו זיין די נשמה.

— וואָס שטעהט איהר? — האָט שמואל געשריען — וואָס קוקט איהר איהם אָן. איהר זעהט דאָך זיינע טרפה גנבה׳שע

(תהילים קפיצ)

אויגען, בינדעט איהם מיט אַ שטריק און שלעפּט איהם אַריין אין קיך, זאָל ער דאָרטען פוילען ביז מאָרגען.

דער גוי האָט געבראַכט אַ שטריק. זיי אַלע האָבען זיך צו דער זאַך גענומען, זיי האָבען ר׳ דוד׳ן אַנידער געלעגט, געבונדען הענד און פיס. אַוועקגעטראָגען איהם אין קיך, אונעק״ געוואָרפען אויף דער ערד און פערשלאָסען די טהיר ער זאָל ניט קענען אַנטלויפען.

---

# ח.

די ערשטע עטלעכע מינוט איז ר׳ דוד געווען ווי צוטומעלט. ער האָט ניט געוואוסט וואָס מיט איהם טהוט זיך, ער האָט געהאַט גרויסע שמערצען פון די שטריק וואָס זיי האָבען איהם צו שטאַרק נעבונדען. איהם האָט פערדראָסען אויף דעם חלול שבת, ער האָט אָנגעפאַנגען וויינען.

— שבת טאָר מען ניט וויינען — האָט ער צו זיך געזאָגט — נור עס וויינט זיך ניט ווילענדיג. דאָס איז אַ סימן אַז מיין נשמה איז נאָך אין גאַנצען ניט ריין.

רבונו של עולם! — האָט ר׳ דוד מתפלל געווען — העלף מיך איך זאָל קענען בעווייזען זיי מיין אונשולד, גענוג מיך שטראָפען, עד מתי ה׳? ווי לאַנג נאָך, בּאַרמהערציגער גאָט. ווען דו מיך שטראָפען? זאָל שוין זיין גענוג. די יסורים וואָס איך לייד יעטצט זאָל שוין זיין אַ כפרה אויף אַלע מיינע חטאים.

אויף מאָרגען האָט אין גאַנץ שטאָדט געקאָכט געררוישט. אַלע האָבען גערעדט פון דעם צופאַל וואָס האָט געטראָפען בי

דעם פרנס חרש אין שטוב. מאנכע מענשען האט דאס פערדראָ־
סען, ווייל דער חלול השם איז גרויס, דען ווי קומט צו אַ מגיד
אַזאַ נאַרעשע עבירה? אַ יודישער מגיד דאַרף זיין פרום און פיהרען
זיך בדרך הישר; ווייל ער איז דער וועג־ווייזער פאַר דאָס פאָלק,
אָבער ווען ער זינדיגט, וואָס וועט זאָגען אַ פּראָסטער מענש?
היתרה הרצועה, מען מעג זינדיגען! מאַנכע מענשען האט דאָס
הנאה געטהון. ווייל זיי האָבען געזעהען אַ שטיקעל נקמה אויף
דעם פרנס חרש, און מאַנכע מענשען האָבען גלאַט גערעדט,
געלאַכט, זיך געוויצעלט, געזאָגט גלייכווערטלעך, זיי האָבען
געהאַט פערגעניגען צו ריידען דערפון...

אויף מאָרגען נאָכ'ן דאַוונען האָט דער שול־שמש אויסגע־
רופען אין שול: דאָס נאָך מיטאָג וועט המגיד המפורסם הרב
ר' שמואל דרשנן אין גרויסע שול, בעט ער דעם עולם
קומען הערען.

דעם זעלבען כרוז האָבען די שמשים אין אַלע בתי מדרשים
און מנינים אויסגערופען.

יודען בכלל האָבען ליב צו הערען אַ מגיד, דאָס ערשטע,
ניט אַלע האָבען געהאַלט אַליין צו לערנען, ווילען זיי יוצא זיין
מיט'ן הערען. דאָס צווייטע: דער מגיד וואָס תורתו אומנתו. ער
לעבט פון זיינע דרשות, האָט ער צייט צו זוכען אין פיעל ספרים
אַלע גוטע קלוגע ריייד פון בעריהמטע גאונים, חכמים, דרשנים
און זאָגט דאָס פאַר דעם עולם, ער איז נעגליכען צו אַ „בין" וואָס
וויגט אויס די זיסקייט פון פיל פערשידענע בלומען.

יענעם שבת בעלד נאָכ'ן עסען זענען אַלע צוזאַמענגעקומען
אין גרויסע שול הערען דעם המגיד המפורסם הרב ר' שמואל,
זאַנכע מענשען זענען געקומען אין שול ניט דוקא הערען דעם

מגיד, גיור הערען גייעס, זיי האט זיך געוואלט וויסען קלאהר וואס עס האט געטראפען ביי נאכט ביי דעם פרנס חדש אין שטוב.

שמואל האט געזאגט א שארפע דרשה. ער האט זיך שטארק פאר נאנדער געקאכט, ער האט געוויזען ווי גרויס די עבירה איז פון זנות בכלל, ובפרט זינדיגען מיט אן אשת-איש, אזא חוטא וועט זיך קיין מאל ניט אויסלייטערען, וויל פרעמדע מענשען אונשולדיגע ליידען זיינע עבירות, קליינע קינדער, כשרה נשמות לעך, שטארבען מיט גרויסע יסורים, פיעל גזירות רעות קומען אויף דעם כלל ישראל פאר אזא הארבע עבירה, דערפאר איז א מצוה אויף יעדען יודען צו זוכען חוקר ודורש זיין. אפשר וועלען זיי געפינען אזא בעל עבירה'ניק, טאר מען אויף איהם קיין רחמנות ניט האבען, יעדער יוד איז מחויב מקיים צו זיין „ובערת הרע מקרבך", אויסרוימען די שלעכטעס פון צווישע דיר, אזא בעל עבירה איז נאך געפעהרליכער פאר דעם חוטא וואס צינדעט אונטער זיין הויז אפצונעהמען סטראחאוקע, און איהם ארט גאר ניט וואס פיעל שכנים ארעמע לייט ליידען דערפון היזק, זיי ווערען אונגליקליך. די רעגירונג בעשטראפט אזא מענשען מיט קאטארגע, נו רבותי, וויפיעל שטראף פערדינט א אשת-איש'ניק? דארטען ווערען פערברענט געלד און א מאל מענשליכע קערפער'ס און דא ווערען פערברענט אונשולדיגע נשמות.

שמואל האט גערעדט א דריי שעה מיט גרויס התפעליות, צום סוף דרשה האט ער געבעטען דעם עולם אז באלד נאך הבדלה זאלען זיי קומען צום פרנס חדש זעהען ווי דער חוטא וועט בע-שטראפט ווערען, און דאס וועט זיין א גוטער מוסר פאר פיל

מענשען וואָס זייער יצר הרע רעדט זיי אָן צו זינדיגען חלילה.

---

## ט.

באלד נאָך הבדלה זענען פיל בעלי בתים געקומען צום פרנס חדש, אויך דעם רב'ס משרתים און שמשים פון די בתי־מדרשים, און גלאַט אַזעלכע מענשען וואָס האָבען ליב צו זעהען סקאַנדאַלען און בפרט אַזאַ גרויסען מערקווירדיגען סקאַנדאַל.

שמואל האָט זיך געזעצט ביי דעם טיש, און אַרום איהם פיל מענשען, און ווער עס האָט קיין אָרט געהאַט ביי דעם טיש איז געשטאַנען.

שמואל האָט בעפוילען דעם רב'ס משרתים זיי זאָלען אַריינגעהען אין קיך אָפּבינדען דעם חוטא זיינע פיס און איהם אַריינפיהרען אין זאַאל.

די משרתים האָבען געעפענט די קיך טהיר — די קיך איז געוועזען אַ קליינער צימער — פון אָנפאַנג ווי די צוויי משרתים זענען דאָרט אַריינגעגאַנגען האָבען זיי איהם ניט דערזעהען. נור אין אַ ווײַלע אַרום האָבען זיי דערזעהען ווי ר' דוד שטעהט אין אַ ווינקעלע און רעדט מיט אַנ'אַלטען שרעקליכען מאַן. או! אַרום זיי איז אַ מין ליכטיגקייט נאָך פיל ליכטיגער ווי עלעקטרישע פייער: די ליכטיגקייט האָט זיי געגעבען אַ שיין אין די אויגען אַז זיי האָבען זיך ערשראָקען און שנעל אַרויסגעלאָפען פון קיך און ניט געקאָנט רעדען.

— וואו איז דער רשע? — האָט שמואל געפרעגט ביי די צוויי משרתים — פאַר וואָס האָט איהר אָהם ניט אַריינגעפירט אין זאַאל?

די צוויי משרתים האָבען ניט געקאָנט ענטפערן, פון שרעק האָבען זיי פערלאָרען דעם לשון.

שמואל האָט בעפוילען אנדערע צוויי משרתים זיי זאָלען געהען אין קיך ברענגען דעם רשע. מיט די אנדערע צוויי משרתים האָט פאסירט די זעלביגע זאך ווי מיט די ערשטע משרתים.

— דאָס איז עפעס ניט גאר א גלאטע זאך — האָט דער פרנס חדש געזאָגט — וואס האָבען זיי זיך אזוי שטארק ערשראָקען? —

— אָט די טפשים, שוטים — האָט שמואל גיענטפערט — פון אזעלכע שלוחים וועט איהר קיין מאָל ניט האָבען א נוצען, זאָלען געהען די צוויי קברות-לייט, זיי שרעקען זיך ניט פאר א טוידטען, וועלען זיי פאר אלעבעדיגען געוויס זיך ניט שרעקען.

אויף דעם באפעל פון פרנס חדש זענען די צוויי קברות-לייט געגאנגען אין קיך ברענגען ר׳ דודן.

ווי זיי זענען אריינגעגאנגען אין קיך, האָבען זיי געזעהען אנ׳אלטער מאן מיט א לאנגע ווייסע באָרד שטעהט ביי ר׳ דודן. דער אלטער ווייזט אויס ווי א שטיק פייער, ער האלט אין איין האנד א גרויסע גלאָז אינעווייניג פול מיט א ווייסע זאך, אין זיין צווייטע האנד האלט ער א לעפעלע און קאָרמעט ר׳ דודן. דער אלטער האָט גיעפענט זיינע אויגען וואס האָט געשיינט יעדען מאָל אזוי פיל ווי די זונן אין תמוז האלבען טאָג צייט, ער האָט אויף זיי א שטארקען קוק געגעבען האָבען זיי זיך ערשראָקען און ארויס-געלאָפען פון קיך.

— וואו איז דער רשע? — האָט שמואל געפרעגט. איז ער אין קיך, אָדער ער איז אנטלאָפען?.

(ווייטער קומט)

קאָן ענטפּערען דער וואַנד, אַזוי האָבּען זיי נעקאָנט ענטפּערען, פון גרויס שרעק זענען בּיי זיי די צינגער ווי געליימט געוואָרען.

— זעהט איהר שוין — האָט שמואל געזאָגט צו דעם פּרנס חדש — ער האָט די משרתים געגעבּען געלד, זיי זאָלען איהן ניט צעפּען, אַ־דערש קאָן דאָך דאָס ניט זיין, קומט לאָמיר אַלע געהן איהם בּרענגען.

שמואל מיט דעם פּרנס חדש זענען געגאַנגען אין קיך, זיי האָבּען קיין זאַך ניט געזעהען נור ר׳ דוד איז געלעגען אַ געבּונדענער אויף דער ערד.

זיי האָבּען איהם אָפּגעבּונדען די פיס כדי ער זאָל קענען געהען, נור די הענד זענען געבּליבּען געבּונדען אויף הינטען.

— אונז ווערסט דו ניט אָפּקויפען מיט שוחד — האָט שמואל געזאָגט — מיר זענען קיינע משרתים און קיינע קברות־לייט. מיר וועלען טהון ווי דער דין און יושר איז. בּיי אונז איז דער דין און יושר טהייערער ווי געלד. קום מיט אונז אין זאַאל אַריין. שנעלער, גיכער. הויבּ דיינע פיסעלעך! עס ווילט זיך איהם נעבּעך ניט געהען, ווייל — ווי די וועלט זאָגט — די קאַטץ ווייסט וואָס זי האָט גענאַסט...

ר׳ דוד האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט — ער האָט אָנגעפאַנגען צו געהען. און שמואל האָט איהם אונטערגעשטופּט מיט זיין פוס...

---

י.

אַרײַנגעהענדיג אין זאַאל האָט זיך שמואל געזעצט אויבען אָן, בײַ איהם דער פּרנס חדש און ר׳ דוד איז געשטאַנען ווי אַ גרויסער פערברעכער פאַר זײַנע שטרענגע ריכטער.

שמואל האָט שטאַרק מיט פעראַכטונג געקוקט אויף ר׳ דוד׳ן און האָט אַ געשרײַ געגעבען: רשע עוכר ישראל! זײַ דיך באַלד מורה אויף די עבירות וואָס דו האָסט געטהון און אויף די האַרבע עבירה וואָס דו האָסט געוואָלט יעטצט טהון!

ר׳ דוד האָט געהאַלטען זײַן קאָפּ אײַנגעבויגען געקוקט אויף דער ערד מיט קיין אבער זיך ניט גערירט און קיין וואָרט ניט געענטפערט.

— ווי עס ווײַזט אויס — האָט שמואל געזאָגט — וועט אַזאַ גרויסער בעל עבירה׳ניק ניט וועלען זיך מודה זײַן מיט גוטען דאַרף מען מיט איהם גאַנץ אַנדערש זיך נוהג זײַן, גאָר אָהן רחמנות נור אַזוי ווי די חכמים זאָגען עהדער מען בעשטראָפט אַ מענשען דאַרף מען איהם פריהער זאָגען, (לא ענש הכתוב אלא אם כן הזהיר כריתות ג׳). זאָג איך דיר, חוטא ופושע. דו זאָלסט זיך מודה זײַן, וועט דײַן שטראָף זײַן קלענער. ווען ניט, וועסט די האַרט בעשטראָפט ווערען, דו וועסט קיין תקומה ניט האָבען, די בינסט אַ הורג נפש׳ות ממש. צוליב דײַנע עבירות לײַדען פיל אונשולדיגע מענשען, וויפיעל האָט געפעהלט אַז דער חשר פון די עבירה זאָל פאַלען אויף מיר חלילה אָדער אויף אַנ׳אַנדערן, אַקלײַניגקײַט בײַ אַ פּרנס חדש אין שטיב וואָס איך מגיד מנוּסס האָב אויך געגעבטיגט, זאָל אַזאַ קלײַנער מגיד׳ל וועלען טהון אַזאַ נבלה, דאָס איז גאָר ניט געהערט געוואָרען. דו מוסט געוויס זײַן אַ גלגול פון אַ בעל עבירה׳ניק וואָס האָט געלעבט אין נח׳ס צײַטען

פאַר דעם מבול... אַלזאָ זאָג איך דיר דעם לעצטען מאָל: זײַ זיך בעסער מודה.

ר׳ דוד האָט געשוויגען אַזוי ווי נישט איהם מײַנט מען דאָס, ער האָט אין הארצען תפלה געטהון צו גאָט: עס זאָל זײַן אונשולד בעוויזען ווערען.

— הערט אויס שמשים — האָט שמואל געזאָגט — וואָס שטעהט איהר און שווײַגט? ברענגט גוטע ריטער לעגט איהם אנידער און ציהט איהם אויס אויף דער ערד און שמײַסט איהם אזוי לאַנג ביז ער וועט זיך מוזען מודה זײַן.

די שמשים וואָס האָבען איהם געזעהען אין קיך מיט דעם אַלטען מאַן, האָבען זיך געשראָקען איהם אָנצורירען, א פחד פון גאָט איז אויף זײַ געפאַלען. זײַערע אַלע איברים האָבען געציטערט.

צו אַזאַ זאַך געפינען זיך בעלנים, עטלעכע שנײַדער־יונגען זענען צו איהם צוגעגאַנגען, זײַ האָבען איהם אויסגעצויגען אויף דער ערד, גענומען די ריטער אין האַנד און האָבען אָנגעפאַנגען צו שמײַסען.

פלוטצלונג האָבען אַלע דערהערט א קלאַפערײַ אין אַלע פענ־סטער אויף א מאָל מיט א משונה׳דיגען געשרײַ ר׳ דוד ל פון מיק־לײַעוו איז פאַראַן בײַ אייך?

אַלע נעסט האָבען זיך ערשראָקען און דער פרנס חדש נאָך מעהר פאַר אַלעמען. ער האָט געמײַנט אַז אַלע פענסטער ווערן צובראָכען.

זײַ האָבען ר׳ דוד׳ן אָפּגעלאָזען און זײַ אַלע זענען אַרויסגעלאָפען אויף דער גאַס זעהען ווער די קלאַפער זענען. זײַ האַפען און בעשטראָפען, דען דאָס איז דאָך א חוצפה און א העזה צו טהון אַזאַ זאַך, אויסלאַכען דעם פרנס חדש און דעם מגיד מפורסם מיט דעם גאַנצען עולם.

זײַ האָבען אָבער אויף דער גאַס קײַנעם נישט געזעהען. זײַער שטאַרק האָבען זײַ זיך געוואונדערט וואו האָבען די קלאַפער אזוי שנעל געקאָנט נעלם ווערען (אַנטלויפען).

שלעכטע מענשען האבען געזאגט אז מען זאל אויסרופען א חרם אויף יענע מענשען וואס האבען געקלאפט און אויף זלעמען ווער עס וויסט, געזעהען, אדער געהערט און וועט ניט קומען זאגען וועט ליגען אלע מאל אין חרם. (מיר דארפען דאנקען גאטט און די מילדע רעגירונג אין רוסלאנד וואס האט מבטל געווען דעם חרם. ער איז לא יזכר ולא יפקד).

די עצה איז אלעמען געפעלען געווען, שמואל האט אויס־גערופען א חרם. אבער דאס האט אויך ניט געהאלפען.

אז דער עולם האט זיך בערוהיגט האבען זיי זיך גענומען א צווייטען מאל צו דער ארבייט בעשטראפען ר׳ דוד׳ן

ווי זיי האבען איהם א צווייטען מאל א נידערגעלעגט אויף דער ערד איהם צו שמייסען, איז געווארען א שטארקע קלאפעריי אין אלע פענסטער און א גרויס געשריי פון פיל קולות: „ר׳ דוד מקלייעוועער איז ביי אייך"? די קולות זענען געווען שטארק ווי עס וואלט דונערען, ווי מיליאנען הארמאטען וואלטען אויף א מאל אויסשיסען. די ווענד האבען געציטערט. עס האט אלעמען פער־רויסט די אויערען. אלע מעבעל אין שטיב זענען געשפרונגען ווי עס וואלט געווען אנ׳ערדציטערנעס. נור די שויבען פון די פענ־סטער זענען געבליבען אין גאנצען.

דער גאנצער עולם אויף דער פרנס חדש און שמואל זענען ארויסגעלאפען אויף דער גאס זיי האבען אבער קיינעם ניט געפונען.

די גאנצע פערזאמלונג האבען זיך איינער דעם אנדערען אנגעקוקט מיט גרויס וואונדערונג.

— וואס וואונדערט איהר זיך אזוי שטארק? — האט שמואל געזאגט — ער איז געוויס א מכשף און דעם קונסט מאכט ער מיט כישוף, לעגט איהם נור אויף ניך אנידער און

שמײַסט איהם װיפיל איהר האָט כח, װעט ער זיך שױן מודה זײַן

עטלעכע שנײַדער האָבען זיך צו איהם אַװעקגעטהון װי אַ הונגעריגער װאָלף אויף אַן אונשולדיגע שאָף. זײַ האָבען איהם אַנידער געלעגט אויף דער ערד.

עהרער זײַ האָבען איהם אָנגעפאַנגען צו שלאָגען. איז געװאָרען אַ קלאַפּערײַ אין אַלע פענסטער נאָך פיל שטאַרקער װי די ערשטע צװײַ מאָל.

דער פּרנס חרש האָט מורא געהאַט דאָס זײַן הויז זאָל ניט אײַנפאַלען, אַלס װאָס אויף דעם טיש איז געשטאַנען, פלעשער גלעזער, לײַכטער א. ד. ג. איז אַלץ אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד. די צװײַ שנײַדער װאָס האָבען געהאַלטען די ריטער צו שמײַסען זענען געפאַלען אויף דער ערד. און דער עולם האָט געזעהען װי אַ פײַערדיגע האַנד האָט מען אַרױסגעשטעקט פון װאַנד און די האַנד האָט אַ חאַפּ געגעבען די ריטער פון די שנײַדערס הענד און די ריטער זענען פערשװאונדען געװאָרען. באַלד נאָכדעם האָבען אַלע געהערט אַ שטימע פון אויבען װאָס האָט געזאָגט: רבי ר' דוד מקלײַעװור! װי לאַנג נאָך װעט איהר שװײַגען? פון אויבען גיט מען אײַך רשות איהר מעגט רײַדען. גענוג לײַדען בזיונות און צרות, דער בעש"ט זאָגט אײַך אַז איהר מעגט שױן זאָגען װער איהר זענט, גענוג פאַר אײַך צו זײַן אין גלות נע ונד.

די װערטער האָט געקלונגען אַלעמען אין די אויערען. זײַ האָבען שױן לאַנג געהערט דעם נאָמען פון דעם צדיק ר' דוד װאָס דער בעש"ט האָט איהם אַלע מאָל שטאַרק מקרב געװעזען נור אַזױ װי שמואל האָט זײַ געזאָגט דאָס ער איז געװיס אַ מכשף. האָבען זײַ דער פאַר ניט געגלױבט אַז דאָס איז דער זעלביגער.

---

(הײליגע קמיע)

— הערט מיך צו רבותי — האט דער פרנס חדש געזאגט —
בײַ אונז אין שטאָדט זענען פאַראַן צוויי בעלי בתים אברהם־יצחק
און דוד־שלמה. זיי זענען ערהליכע אונפּאַרטייאישע מענשען. אויף
זייערע עדות קענען מיר זיך פערלאָזען; זיי האָבען מיר אַ מאָל
ערצעהלט אַז זיי זענען געווען בײַ דעם בעש"ט עטלעכע מאָל אויף
ראש השנה, און יעדער מאָל האָבען זיי דאָרטען געזעהען אַ חסיד
ר' דוד מקלײַעוור, דער בעש"ט פלעגט זײַנע חסידים ניט פאַר־
שטעלען איינער פאַר דעם אַנדערן. אַ מאָל האָט ער זיי יאָ פאָרגע־
שטעלט דעם ר' דוד'ן. און בעת מעשה האָט הער בעש"ט געזאָגט
צו זיי: איך בעט אייך קוקט זיך גוט איין אין ר' דוד'ס פנים, כדי איהר
זאָלט איהם אין עטלעכע יאָהר אַרום ערקענען, לאָמיר שיקען זיי רופען,
אויב דאָס איז דער זעלביגער צדיק װעלען זיי איהם געוויס ערקענען.
שמואל'ן איז די עצה אפילו ניט געפעלען געווען, נור ער
האָט געמוסט שווייגען, וויטער דעם גאַנצען עולם איז די עצה
שטאַרק געפעלען געווען.

צוויי שמשים זענען באַלד געגאַנגען און געבראַכט די צוויי
בעלי בתים צום פרנס חדש.

ווי ר' אברהם־יצחק און ר' דוד שלמה זענען אַרײַנגעגאַנגען
צום פרנס חדש אין זאַאל און זיי האָבען דערזעהן ר' דוד'ן, האָבען
זיי איהם באַלד ערקאָנט.

— רבנו! וואָס טהוט זיך דאָ מיט אייך? — האָבען זיי
געפרעגט און שטאַרק געוויינט — ערקלערט אונז די סבה פון דעם
שם רע, וועה איז צו אונזערע טעג און יאָהרען־אַז אויף אַזאַ צדיק
הקמים ווי איהר זענט, זאָל פאַלען אַזאַ חשד, דאָס איז ניט
גאָר פשוט.

(ווײַטער קומט)

— איך בין ביי דעם געגאַנגען יושר נאָר ניט שולדיג —
האָט ר׳ דוד ניעָנטפּערט — אָט הערט אַלעָ וואָס איך וועל אייך
ערצעהלען. וועט איהר זיך בּאַלד איבּערצייגען מיין אונשולד. דער
בעש"ט האָט מיר געשיקט אָפּריכטען גלות און זיין נע ונד. איך
האָב קיין רשות ניט געהאַט צו זאָגען ווער איך בין, נור יעטצט
האָט מען מיר פון אויבען געגעבען רשות מיט די ווערטער ווי דער
בּעש"ט האָט מיר געזאָגט פאַר מיין אָפּשייד נעהמען פון איהם. אַלזאָ
יעטצט האָב איך רשות אַלעמען צו ערצעהלען אַז געגאַנגען צו די
אשת איש־טהון די האַרבּע עבירה איז געגאַנגען אָט דער שמואל, און
אַזוי ווי זי האָט בּיי איהם אַראָפּגעכאַפּט זיין יאַרמאָלקע פון קאָפּ איז ער
געגאַנגען שטילערהייט צו מיר. איך האָב שטאַרק געשלאָפען, ווייל
מיר איז געוועזען בּעשטימט צו ליידען נאָך אַ ביסעל צרות, ער האָט
בּיי מיר צוגענומען מיין יאַרמאָלקע און האָט זיך אָנגעטהון און נאָכדעם
האָט ער געמאַכט אויף מיר דעם בּלבול כדי זיך ריין צו מאַכען,
אַז ער ווייסט דערפון גאָר ניט. נור איך האָב דאָס געטהון.

— ליגנער! — האָט שמואל געשריען — די יאַרמאָלקע וואָס
איך טראָג איז מיינע ניט דיינע. אַלע קענען זעהען דאָס די שוואַרץ
פון מיינע רשות איז שטאַרק קענטיג אויף איהר.

— איך וועל אייך זאָגען אַ ריכטיגען סימן — האָט ר׳ דוד
געזאָגט — וועט איהר אַלע זעהן אַז די יאַרמאָלקע איז מיינע, ניט
זיינע, בעת איך האָב מיר געזעגענט מיט דעם בעש"ט. האָט ער
צו מיר געזאָגט די ווערטער: איך גיב דיר אַ קמיע, דו וועסט
איהר איינייען אונטערן איבּערשלאַק צווישען דעם אונטער־
שלאַק די יאַרמיילקע ואָלסט אַליין קיין מאָל ניט אויסטהון
פון קאָפּ. שיידען איינער וועט בּיי דיר צונעהמען מיט געוואַלד
אָדער שטילערהייט. יעטצט זאָל מען עפענען דעם אונטער־

שלאַק פון יאַרמאָלקע און **זעהן די קמיע ווי זי איז אײַנגענעהט**.

שמואל האָט באַלד אַ טאַפּ געטהון די יאַרמאָלקע האָט ער געפיהלט אַז דאָרטען ליגט עפּעס. האָט ער פערשטאַנען אַז ר׳ דוד זאָגט ריכטיג, און דורך די קמיע וועט ער בעפרייט ווערען, האָט שמואל באַלד געפונען דערצו אַנ׳עצה, ער האָט אזוי געזאָגט: זעהט איהר רבותי אַז איך האָב ריכטיג באַלד געזאָגט אויף איהם דאָס ער איז אַ מכשף, ווען ניט, פון וואַנען ווייס ער אַז אין מײַן יאַרמאָלקע איז אײַנגענייט אַ קמיע, דאָס איז אַ סגולה מײַנע דרשות זאָלען געפעלען ווערען, און דער יצר הרע זאָל צו מיר קיין **שליטה ניט האָבען**.

— אויב אזוי — האָט דער פרנס חקש געזאָגט — וועלע מיר עפענען די קמיע און זעהן וואָס דאָרטען איז געשריבען וועלע מיר פערשטעהן צו דאָס איז פון בעש"ט אַדער פון אַנ׳אַנדערן.

— חלילה — האָט שמואל גיענטפערט — די קמיע טאָ קיינער ניט עפענען, אויסער דער וואָס האָט איהר געשריבען, וו ניט איז אַ גרויסע סכנה פאַר די וואָס וועלען עפענען, אויך פאַר וואָס וועלען שטעהן דערבײַ.

— ניט קשה! — האָט זיך אַ שנײַדער אָפּגערופען — איך זאָג אַז די קמיע מוז גיעפענט ווערען. מיר זענען ניט קיי שרעקעדיגע, מיר האָבען קיין מורא ניט פאַר אַ סכנה.

— לאָזט מיך אַרויסגעהן פון שטוב — האָט שמואל געב טען — איך האָב מורא דערבײַ צו זײַן.

—עס ווילט זיך איהם נעבעך אַנטלויפען פון דאַנען—האָט אַ שנ דער געזאָגט—ניין אַזאַ ים־שלאַנג לאָזען מיר ניט אַרויסלויפען פון נע ווארט אַ ווײַלע ביז מיר וועלען זעהן וואָס איז געשריבען אין קמיע.

די קמיע איז גיעפענט געוואָרען דאָרטען איז געשטאַנען ווערטער.

בער הרב הצדיק ר׳ דור מקליַיעֶוועֶר.

״ר׳א׳ה׳מ׳אָ׳ל׳ק׳עֶ״.

י׳שמרך ר׳חמים

מ׳עלילת א״ל א׳שת-איש

ל׳חמנא ק׳דוש-ע׳ליון

נאָם, ישראל בעש״ט.

ה׳ ישמרך בכל דרכיך.

לא יאונה לצדיק כל און.

הניל.

די לעֶזער קען זיך פאָרשטעֶלעֶן ווי פיל דער גאַנצער חדש מיט גאַנץ קהל האָבעֶן דעֶם ר׳ דור׳ן מהו״לה געֶבעֶטעֶן און ר׳ דור האָט זיי געֶבעֶטעֶן אַז זיי זאָלעֶן דעֶם „מגיד מפורסם״ לאָזעֶן אַוועֶק פון הרעֶן פון סלאָנים, ער האָט זיי ערקלעֶהרט דאָס גאָט ב״ה וב״ש האָט גענוג שלוחים צו בעֶשטראָפעֶן אַ זינדיגעֶן מעֶנשעֶן, קיינער האָט ניט דאָס רעֶכט צו וועֶלעֶן זיין אַ מלאך רע יענעֶם צו טהון שלעֶכטעֶס ווי דוד המלך ע״ה זאָגט מרשעים יצא רשע וידי לא תהיה בך (שמואל א׳ כ״ד י״ד). יעֶדעֶר מעֶנש דאַרף גאָט דאַנקעֶן פאַר די האַנד וואָס עֶר האָט איהם געֶגעֶבעֶן, ווייל נור זיינע העֶנד זעֶנעֶן בעֶשאַפעֶן געֶוואָרעֶן יעֶנעֶם ניט שלעֶכטעֶס צו טהון נור גוטעֶס, יעֶדעֶר מעֶנש וויפיעל עֶר האָט בכח.

שמואל איז פון דאָרטעֶן מיט גרויסע בזיונות אַנטלאָפעֶן. און ר׳ דוד איז מיט גרויס כבוד אַוועֶקגעֶפאָהרעֶן צום בעש״ט איהם אָפגעֶבעֶן דין וחשבון פון זיין נע־ונד אין גלות.

דער בעש״ט האָט איהם אָנגעֶזאָגט אַ בשורה טובה אַז יעֶנעֶ נשמה האָט שוין אַ תיקון.

# ענדע